שול-ביבליאָטעק

מאי זרבבל

# קליינע העלדן

(אקטועלע מעשהלעך פון ישראל)



ארויסגעגעבן פון דער

**צווישאָ און שלום עליכם שולן**

בוענאס איירעס

1949

שול-ביבליאָטעק
סעריע ב                                        העפט נר. 3

מ אַ י  ז ר ב ב ל

# קליינע העלדן

(אַקטועלע מעשהלעך פון ישראל)



ארויסגעגעבן פון דער
צווישאַ און שלום-עליכם שולן
בוענאָס איירעס 1949

# מאַי זרבבל

די ארץ ישראלדיקע יוגנט איז נישט קיין איינגעזעסענע אויף איין פּלאַץ. זעלטן ווען קענט איר טרעפן א יונגן מענטש, דאָרט א דערצויגענעם אויפן זעלבן אָרט, ווּ איר האָט אים געזען מיט עטלעכע יאָר פריער.

די יוגנט איז דאָרט זייער באַוועגלעך, און זי מאַכט דורך אַלע פּראָצעסן־פון דעם לאַנד, וואָס אינעם אויפבוי שפּרייט זיך עס כסדר פון צפון צו דרום און פון מזרח צו מערב.

די יוגנט גייט אויך אַזוי פון אָרט צו אָרט און פילט אויס די ארץ־ישראל־מאַפּע מיט נייע ישובים, מיט קאָלאָניעס, קבוצות, דערפער און שטעט.

מאַי זרבבל, די יונגע שרייבערין פון אָט די דריי דערציילונגען, איז מיטגעגאַנגען דעם וועג פון דער בויערישער און קעמפערישער יוגנט אין ישראל. זי איז געווען אין נגב ווען מען האָט דאָרט באַזעצט די ערשטע שטחים באַדן און געגרינדעט די באַרימט־געוואָרענע עלף קיבוצים. זי האָט אין דעם קיבוץ נירים געלעבט, דאָרט שווער געאַרבעט אונטער דער ברענענדיקער מדבר־זון און געהאָלפן גרין מאַכן שטיקער פון דער וויסטע.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה און די אַראַבער זענען באַפאַלן דער יונגער, נאָרוואָס פּראָקלאַמירטער מדינת ישראל, איז מאַי זרבבל געווען אין ירושלים און האָט זיך באַטייליקט אין דעם קאַמף פאַר דער הויפּטשטאָט, וואָס די אַראַבער האָבן געהאַלטן אַרומגערינגלט א לאַנגע צייט.

זי האָט דורכגעמאַכט די ליידן און די פריידן פון בויען דאָס לאַנד, און די געפאַרן און גבורה גלייכצייטיק ביים פאַרטיידיקן דאָס לאַנד.

מיט איר שאַרף אויג האָט זי אויפגעכאַפּט די איבערלעבונגען פון יחיד און פון כלל, אַפילו פון די בעלי־חיים, און זי האָט עס שיין און האַרציק באַשריבן אין אירע דערציילונגען, וואָס האָבן דעם ריח פון דער ארץ ישראלדיקערווירקלעכקייט און פון דער עכטקייט פון א טאַלאַנטירטער שרייבערין.

# נעמה פאַרהיט פון אַן אומגליק



נעמה איז געווען זייער אויפגערודערט און צעשראָקן. די שי־סערייען, באַמבאַרדירונגען און אויפרייסן, אַז אַן אָנהויב און אַ סוף, האָבן זי אינגאַנצן צעמישט. זי איז ערשט נישט לאַנג אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל פון עדן, נאָך נישט גוט געגרעדט העברעיש. און דאָ איז זי פּלוצים אַריינגעפאַלן אין סאַמע ברען פון די שלאַכטן. דער פאָטער מיט די עלטערע ברידער אירע זענען אַוועק אין מי־ליטער, און נעמה מיט דער מאַמען און די קלענערע קינדער האָבן געוווינט אין אַן אַלטער שטיינערנער געביידע אין עק שטאָט, צו־זאַמען מיט נאָך אַ סך משפחות.

יענעם נאָכמיטאָג איז געוואָרן אַ שרעקלעכער גערודער. עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל, אַז אַלע איינוווינער פונעם קוואַרטאַל זאָלן דרינגלעך זיך אַרויסציען פון דאָרט, טיפער אין שטאָט אַריין, ווייל מען ריכט זיך אויף גאָר שווערע שלאַכטן.

אין דעם געלויף און געטומל, וואָס איז אַנטשטאַנען, האָט נעמה פאַרלוירן איר פאַמיליע און אַרומלויפנדיק און זוכנדיק די אייגענע, האָט זי זיך פון זיי אַלץ מער און מער דערווייטערט, ביז זי האָט אינגאַנצן פאַרבלאָנדזשעט.

...נעמה איז געווען אַ קליין מיידעלע מיט שוואַרצע געקרייזל־טע הערעלעך, מיט אויגן שוואַרצע, ווי קוילן, גרויסע און טיפע, ווי צוויי ברייטע הימלען פינקלענדיקע, ווי שטערן. און אַ נידע־ריקע איז זי געווען, קליינוווקסיק — פון התגער, פון נויט.

...בלאָנדזשעט זי אַזוי, וויינט ביטער און ס׳איז איר שלעכט אויפן האַרצן. עס פאַרבאַהאַלט זיך שוין די זון הינטער די הויכע בערג, און זי, דאָס קליין מיידעלע, גייט אַרום אַן עלנטע צווישן די שטומע פאַרלאָזטע הייזער און ווייסט גאָרנישט, אַז זי איז פאַרקראָכן אַזש אין דער אַראַבישער געגנט אַריין.

פלוצים האָט זי דערזען מענטשן. זיי זענען געשטאַנען אין אַ גרופּע, פאַרנט פון אַ געביידע, און געשמועסט צווישן זיך. נעמה האָט זיך נישט פאַרוווּנדערט און נישט דערשראָקן, הערנדיק, ווי זיי רעדן צווישן זיך אַראַביש. — דאָס איז דאָך געווען איר אייגן מאַמע־לשון ביז איצטער. איז זי צוגעגאַנגען צו די מענטשן און זיי דערציילט, אַז זי האָט פאַרבלאָנדזשעט, אַז זי ווייסט נישט, וווּ די מאַמע אירע געפינט זיך און אַז איר פאָטער איז אין מיליטער.

קוקן אַן די פאָר אַראַבער דאָס מיידעלע, — עס פאַלט זיי גאָרנישט איין, אַז ס׳איז אַ יידיש קינד. זי איז דאָך אַזוי דרייסט צו זיי צוגעגאַנגען און רעדט צו זיי אַראַביש.

— ווי הייסט דיין טאַטע? — פרעגט זי איינער פון זיי, אַזאַ הויכער, אַ דיקער מיט דיקע פאַרדרייטע וואָנצעס.

— מיין טאַטע?

איז נאָך אַ מזל געווען, וואָס נעמהס טאַטע האָט געהייסן משה, און די יידן אין עדן האָבן דעם נאָמען פאַרדרייט אויפן אַראַבישן מוסה. ענטפערט נעמה, נישט פאַרהאַקנדיק זיך:

— מיין טאַטן רופט מען מוסה.

— האָב קיין מורא נישט, מיידעלע, זאָגן איר די אַראַבער. מאָרגן וועלן מיר די יידן אויסקוילען און דיך וועט מען אָפּשיקן צו דיין מאַמען.

דערשרעקט זיך נעמה זייער שטאַרק. זי שטויסט זיך שוין אָן, וואָס פאַר אַ טעות זי האָט געמאַכט און וואָס פאַר אַן אומגליק עס האָט זי געטראָפן. זי פאַרשטייט שוין, אין וואָסערע הענט זי איז אַריינגעפאַלן.

אָבער אַ קלוג מיידעלע איז נעמה געווען. זי זעט, אַז זיי ווייסן גאָרנישט, די אַראַבער, אַז זי איז אַ יידיש קינד. באַשליסט זי צו בלייבן מיט זיי, אויז ביינאַכט, ווען עס וועט ווערן גאָר, גאָר פינצטער, וועט זי אַנטלויפן.



מיט געפאנצערטער גבורה מארשירן יידישע טאנקען

צו די שלאכטליניעס

נעמהן האבן די אראבער אריינגעפירט אין א צימער, ווו עס זענען געזעסן עטלעכע אפיצערן. דא האט דאס מיידעלע גוט דער־קענט אירע שכנים. זיי זענען געזעסן אויף א טעפיך, ארום א ני־דעריק טישל, געשפילט איןביינדלעך און זיך געקריגט איבערן געלט. דערביי האבן זיי הויך געזופט שווארצע שמעקעדיקע קאווע.

— זיין דא, רו זיך אפ דערווייל, — מאכט צו נעמהן יענער דיקער, מיט די פארדרייטע דיקע וואנצעס, וועלכער האט זיך דער־ערשטער צו איר געווענדט, און ער ווייזט איר אן אויף עטלעכע קאלדרעס, וואס ליגן אין א ווינקל. זעצט זי זיך טאקע אנידער און טראכט זיך ווייטער די מחשבה, וואס איז איר פריער אויפגעקו־מען:

— מען וועט מוזן אנטלויפן, ווי נאר די נאכט וועט ווערן פינצטערער. אבער... אבער וווהין? ווו געפינען זיך די יידן אצ..ד?

נעמה נעמט זיך אן מיט מוט און גייט צו צו די אפיצערן, רירט אן איינעם ביים אקסל און פרעגט:

ווו זענען איצט די יידן?

יענער דרייט זיך אום צו איר, קוקט זי אן און וואונדערט זיך: וואס טוט דא עפעס אזא קליין מיידעלע? (אויסזען זעט אוים, נעמה, נאך יונגער, ווי זי איז, אין דער אמתן, מחמת איר נידע־ריקן וווקס) דער אפיצער דערפרייט זיך מיטן קינד: ערגעץ ווו אין עבר הירדן האט ער אויך אזא קליין מיידעלע.

דערציילט אים נעמה די זעלבע מעשה, אז זי האט דא אהער פארבלאנדזשעט, אז איר טאטע איז אין מיליטער און אז מ׳האט איר צוגעזאגט מארגן, נאך דער שלאכט, זי אהיים צו ברענגען.

צעלאכן זיך די אפיצערן, גלעטן זיך די וואנצעס, קלאפן זיך איבער די קני: — וואסער שלאכט? מאכן זיי, — ס׳וועט נישט זיין קיין שלאכט; א פאגראם וועט זיין, א שחיטה, וואס מירן די יידן אויסשעכטן, און פארטיק! קום, מיידעלע, וועל איך דיר עפעס ווייזן.

אן אפיצער נעמט זי אויפן שויס, גייט מיט איר צו צום פענצ־טער און ווייזט:

— זעסט, אט דארט זענען די יידן. זיי ווייסן, אז מיר זענען

דאַ. ריכטן זיי זייער גאַנצע קראַפט אַהער. וואָס זשע וועלן מיר מאַכן, האַ?

ער קוקט אַזוי כיטרע נעמהן אין די אייגעלעך. נעמהן פאַלט איין פשוט דאָס האַרץ. זי פאַרגעסט כמעט אין איר אָנשטעל און דעם שפּיל, וואָס זי האָט דאָ צו שפּילן, קוקט אויפן אַראַבער מיט אַ פּאָר גרויסע צעשראָקענע אויגן:

— וואָס? — פרעגט זי מיט אַ ציטערנדיקער שטימעלע.

דער אָפיצער באַמערקט נישט איר שרעק. ער איז צו שטאַרק פאַרטאָן אין די געדאַנקען וועגן דער שחיטה, וואָס זיי וועלן נאָך די נאַכט דורכפירן.

— מיר וועלן, זאָגט ער, אין מיטן דער נאַכט אַרויס פון דאַנען. מירן גיין אַרום און אַרום. זעסט? (מיטן פינגער ווייזט ער אויפן באַרג אַראָפּ, צו דער לינקער זייט צו) זעסט די הייזער די שטיינערנע? וועלן מיר גיין ווייטער, רעכטס, און פאַרטאָג וועלן מיר אָנקומען גאָר פון אַן אַנדער זייט, ווו די יידן ריכטן זיך.

ער האָט זיך הויך צעלאַכט. און עפּעס האָט אים, ווייזט אויס, גוט פאַרשמעקט. ער האָט באַלעקט די וואָנצעס די דיקע און נעמהן אַראָפּגעלאָזט אומגערן פון שויס. אַ צעשראָקענע האָט דאָס מיידעלע אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער. אין דרויסן האָט שוין גענעכטיקט און אַ העלע רויטקייט איז געהאַנגען איבער די הייזער פון דער אַנדער זייט טאָל — דאָרט זענען די יידן... און דאָ, אין דעם קליינעם שמאָלן טאָל, איז אַ ליידיקער שטח, ווו קיין יידן זענען נישטאָ. אָבער קיין אַראַבער אויך נישט. דערווייל זעט מען דאָרט נישט קיין לעבעדיקן נפש.

שטיים נעמהלע אַזוי ביים פענצטער און קוקט אַרויס, און ס'ווערט איר פּלוצים קלאָר, אַז זי טאָר אָט דעם סוד נישט איבערלאָזן ביי זיך אַליין, אַז זי מוז געבן צו וויסן די יידן וועגן דעם אַראַבישן פּלאַן. יאָ, זי מוז!!!

איצט האָט זי זיך שוין גענומען אַרומקוקן מיט אַן אַנדער מיין. דער צימער איז געווען כמעט ליידיק. איין פענצטער האָט אַרויסגעקוקט אין דער ריכטונג פון דעם יידישן קוואַרטאַל, אָבער איצט זענען די לאָדן פון יענעם פענצטער פאַרמאַכט: מען קאָן

ארויסקוקן בלויז דורך א שפארע. פאראן אין צימער דריי טירן. וואהין פירן זיי?

— איך מוז זיך צואיילן! — טראכט נעמה, — וואס שנעלער! זי איז גרייט איינס און צוויי אנטלויפן. נאר באלד כאפט זי זיך, אז דאס טויג נישט. פון איילעניש וועט קיין גוטס נישט ארויסקומען. איצט וועט מען זי זען און מען וועט זי תיכף פאקן. זי מוז ווארטן ביז ס'וועט אינגאנצן פינצטער ווערן.

די מינוטן האבן זיך געצויגן און געצויגן און נעמה האט זיך נישט געקאנט געפינען קיין ארט. איז זי ווידער צוגעגאנגען צום פענצטער און פון דאס ניי ארויסגעקוקט. זי האט זיך באמיט צו פארגעדענקען די ריכטונג, כדי נישט צו פארבלאנדזשען א צווייט מאל. איצט וואלט עם דאך טאקע באמת געווען אן אומגליק א גרויסער פאר אלע יידן.

נעמה איז ארויס פון צימער, ארומגעגאנגען איבער דער דירה, אויסקוקנדיק עפעס אן אנדער ארויסגאנג, נישט דעם ווו די זעלנער שטייען אונטן אויף דער וואך. גייט זי איבער די צימערן, קוקט אריין אין א קליין פענצטערל, און מיט אמאל דערזעט זי א לייטער, אנגעשפארט אויף דער וואנט, וואס לעבן דעם פענצטער. שטילינ־קערהייט איז נעמה ארויסגעקראכן און — א דאך! ווי א קעצל האט זי דורכגעשלייכט דורכן פענצטערל און אט זי איז אויף דער פריי! באמת פריי? פון דאנען האט זי געקאנט הערן דאס הילכיקע גע־לעכטער פון די אפיצערן און די רעדערייען פון די זעלנער אונטן. דא איז לעבן איר קיינער נישטא. זי האט געווארפן א לעצטן בליק אויף צוריק און זיך געלאזט אין וועג אריין.

נעמה האט נישט געוווסט, ווי לאנג זי לויפט אזוי. זי האט גע־קלעטערט איבער פלויטן, איבערגעלאפן גאסן, זיך באהאלטן אין פינצטערע ווינקלען בעת זי פלעג עמיצן באמערקן.

און אומגעריכט אינגאנצן איז זי א רגע איבערראשט געווארן, ווען זי האט פלוצים דערהערט, ווי עמיצער ווענדט זיך צו איר אין העברעיש: וואס דרייען זיך נאך ארום קינדער אין דער געגנט?

יידישע זעלנער! נעמה וואלט אויסגעבראכן אין א געוויין, ווען נישט דער געדאנק, אז זי דארף גלייך איבערגעבן די וויכטיקע

ידיעה. איז זי צוגעגאנגען צו די זעלנער נעענטער און זיי דרייסט געפרעגט:

— ווו איז אייער קאָמאנדיר?

די זעלנער האָבן זי אָנגעקוקט, זיך איבערגעקוקט און נישט פארשטאנען, וואס וויל דאָס מיידעלע פון זיי. געבראכט צום קאָמאנדיר האָט מען נעמה'ן נאר צוליב איר אראבישן אויסזען און איר פארפלאָנטערטן, נישט זיכערן העברעיש רעדן.

דער קאָמאנדיר, אַ יונג בחורל, איז זיך געלעגן אויף אַ בעט, די פיס אין דער לופטן, און זיך צוגעהערט צו אַ פּליטע פון אַ פּאַטעפאָן. ער האָט אָנגעקוקט דאָס צעשראָקענע קינד, זיך אויסגעדרייט צו זיין חברה און אַ זאָג געטון:

— נו, געווים פון די פּליטים. זיי געפינען זיך אין שול. פירט זי אָפּ אהין. אָבער נעמה האָט זיך נישט געלאָזט אָוועקפירן. זי האָט אויף שנעל געגומען דערציילן אַלץ, וואָס זי האָט זיך דערוווּסט דאָרט ביי די אראַבער.

חברה האָט זיך צוגעהערט מיט אינטערעס. אַז זי האָט געענדיקט דערציילן, האָט דער קאָמאנדיר ארויסגעבורטשעט:

— קינדערשע פאָנטאַזיעס!

אין דעם מאָמענט האָט זיך איינער אָנגערופן:

—אָבער אין דער קינדערשער פאָנטאַזיע איז פאַראַן פיל מיליטערישע טאַקטיק.

נעמה האָט צוערשט דערזען אַ פּאָר סאַנדאַלן און גרויע וואַלענע זאָקן. דערנאָך לאַנגע פאַרשמוצטע כאַקי־הויזן מיט אַ בלוי העמדל און צולעצט אַ פּאָר קלוגע ערנסטע אויגן.

דער ניי־אַריינגעקומענער האָט זיך צוגעזעצט און פאַרפירט אַ גאַנצן שמועס מיט נעמהלען. אויסגעפרעגט זי וועגן אַלעם, וואָס האָט מיט איר פּאַסירט און דערנאָך זיך אַ דריי־אויס געגעבן צום קאָמאַנדיר:

— ישראל, וואָס ווייסטו? נו, אַ ריר. גרייט צו די חברה, גיב צו וויסן אין הויפּט־שטאַב.

— דו מיינסט?... האָט ישראל זיך צו אים אומגעקוקט.

— בעסער זיין גרייט! בעסער זאָל זיך דערפון אויסלאָזן אַ

בוידעם, אײדער צו זײן זיכער בײ זיך און צום סוף זאָל זײער שפּיצל זײַ געלונגען.

ס'איז געװאָרן אַ באַװעגונג אין צימער. יונגע חברה זענען אַרײַנגעקומען, ישראל האָט איבערגעגעבן די באַפעלן, דער טעלע־פאָן האָט גענומען קלינגען. די לופט האָט זיך עלעקטריזירט.

דער זעלנער מיטן בלוי העמדל האָט אָנגענומען נעמהן בײַם הענטל און זײ אָפּגעפירט צום הױז, װוּ ס'האָבן זיך קאָנצענטרירט די פּליטים.

װעלן מיר דאָ נישט דערצײלן, װי די מאַמע אירע און אַלע ברידערלעך און שװעסטערלעך האָבן זיך מיט איר געפרײט, און װי זי אַלײן איז, אַ מידע און אַ גליקלעכע, אײַנגעשלאָפן.

ס'מוז אָבער צוגעבן, אַז צומאָרגנס גלײַך אין דער פרי האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר פון שול און עס זענען אַרײַנגעקומען צװײ מיליטער־לײַט: דער מיטן בלויען העמדל און דער קאָמאַנ־דיר.

— מיר זענען דיר געקומען זאָגן, נעמה, — האָט זיך דער קאָמאַנדיר צו איר געװענדט פײַערלעך־װאָרעם, — אַז דו האָסט געטון אַ גוטע זאַך. דו האָסט רעכט געהאַט. די אַראַבער האָבן טאַקע געפּלאַנט צו ברענגען אויף אונדז אַ גרױס אומגליק. אָבער זײער שפּיצל איז זײ נישט געלונגען אַ דאַנק דיר, נעמה. מיר האָבן זײ אָפּגעװאָרט און זײ האָבן אַרײַנגעכאַפּט זײער חלק גאָר, גאָר לײַטיש. קומט דיר אונדזער אָנערקענונג.

נעמה האָט פאַרשעמטערהײט זיך צוגעהערט צו די רײד פון דעם קאָמאַנדיר. זי האָט נישט גענוי פאַרשטאַנען די זאַך. זי האָט אָבער געפילט, אַז ס'איז טאַקע גוט געװען, װאָס זי האָט באַװיזן צו אַנטלויפן און באַצײַטנס איבערגעבן די ייִדן װעגן דעם פּלאַן פון די אַראַבישע אָפיצערן.

האָט זי זיך אַ גליקלעכע צעשמײכלט.

---

# אורי ראַטעװעט דעם קאַנוואַי



אורי האָט שוין פון לאַנג געדאַרפט שלאָפן, אָבער ער האָט זיך באַמיט צו זיין וואַך און זיך צוהערן צו אַלץ, וואָס ווערט גע־רעדט אין צווייטן צימער. ער איז געלעגן אויסגעצויגן אויף זיין בעטל, זיך צוגעקוקט צום איינציקן ליכט־שטראַל, וואָס האָט זיך אַריינגעגנבעט דורך דער עטוואָס אָפענער טיר צו אים אין צי־מער אַריין, און איינגעזאַפט יעדעס וואָרט דאַדיקס, אָדער דער מאַ־מעס. דער טאַטע האָט, ווי זיין שטייגער איז, געשוויגן, און נאָר פון צייט צו צייט אַריינגעוואָרפן אַ זאָץ דאָ און דאָרט. אָבער מער פון אַלעמען איז אורי נייגעריק געווען צו הערן, וואָס דאַדיק דערציילט. דאַדיק, וועלכער איז ערשט צוריקגעקומען פון ירושלים.

דאַדיק איז דער עלטערער ברודער אורים. ער האָט אַ שוואַרצן געקרייזלטן קאָפּ האָר און בלויע אויגן. אורי גרויסט זיך מיט זיין ברודער פאַר זיינע חברים און חברטעס. — אַזאַ הויכער איז ער, דאַדיק, אַזאַ ברייט־פּלייציקער, אַ יונג מיט ביינער! ווער רעדט נאָך איצט, ווען ער האָט אָנגעטון דעם מיליטערישן אַנצוג, דאָס וואַלענע באַקי־היטל און די אַראַבישע שאַבריע אין גאַרטל, — איז ער נאָך מער אויסגעוואַקסן אין אורים אויגן און געוואָרן ממש אַ גיבור!..

איצט זיצט ער מיט די עלטערן צוזאַמען, די פיס אויסגע־שטרעקט פאַרויס, דעם קאָפּ פאַרוואָרפן אויף צוריק און מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל דערציילט ער וועגן דעם שווערן וועג פון תל־אביב קיין ירושלים, די אָנגריפן פון די אַראַבער פון די בערג, די שיסערייען און די אויפרייסן, און ווי די יונגע חברה אונדזערע האַלט זיך פעסט, גיט צוריק, און נאָך ווי! מיט די ביקסן, מיט די רעוואָלווערן און גראַנאַטן. און, יאָ, די טעג וועלן זיי ווידער פאָרן,

אבער דאָס מאָל אויף אַ לענגערער צייט. זיי וועלן פאַרבלייבן אין דער ירושלימער געגנט.

אורי האָט זיך איבערגעקערט, און ליגנדיק אויפן בויך, האָט ער דעם קאָפּ אויף די הענט אָנגעשפּאַרט און זיך פאַרטראַכט.

— וואָס איז? צי קען ער, אורי, נישט שיסן פון אַ ביקס גאַנץ גוט? דאַדיק אַליין האָט דאָך אים געוויזן, ווי מען נוצט אַ ביקס. און וואַרפן אַ גראַנאַט? ווער וואַרפט עס אַ טענים־פּילקע ווייטער ווי אורי? ער וואַרפט דאָך העכער און ווייטער פון אַלע קינדער אין קלאַס, איז פאַרוואָס קאָן ער נישט מיטפאָרן מיט דאַדיקן, אויך באַגלייטן די „שיירות" קיין ירושלים?! דערנאָך וועט ער צוריקקומען, אַ פאַרשוויצטער, אָפּגעברענטער פון דער זון, די שיך אַרומגעוויקלט מיט פאַטעס און מיט אַ וואַלענעם היטל אויפן קאָפּ — פונקט ווי דאַדיק! אַך, ווי חברה וועט אים דאָס אויפנעמען!

אורי האָט זיך פאַרגעשטעלט, ווי זי וועט עם זיצן אין אוונט, די גאַנצע כאַליאַסטרע זייערע, זעקס חברהלייט, אַרום דעם אויסגעלייגטן פייער אונטער דעם גרויסן גומען בוים, באַקן קאַרטאָפל און זיך צוהערן צו אים, ווי ער וועט דערציילן, וואָס אַלץ ס'האָט זיי פּאַסירט אויפן וועג...

דערנאָך האָט ער געהערט, ווי דאַדיק געזעגנט זיך מיט די עלטערן: „אַ גוטע נאַכט", און די מאַמע גיט צו: „ששש... דאַדיק, וועק נישט אויף אורין, ווען דו לייגסט זיך..."

באַלד האָט זיך די טיר געעפנט און דאַדיק איז אויף די שפּיץ פינגער אַריינגעקומען אין צימער און זיך גענומען אויסטון.

ווען דאַדיק האָט זיך אויסגעצויגן אויף זיין בעט, האָט זיך אורי אויסגעדרייט צו אים און אַ שעפּטשע געטון:

— דאַדיק, איך וועל מיטפאָרן מיט דיר דאָס קומענדיקע מאָל!..

דאַדיק האָט זיך צעשמייכלט אין דער פינצטער און אורי האָט געקאָנט זען בלויז דעם גלאַנץ פון זיינע ווייסע ציין.

— שנעק איינער! פאַר דער מאַמען איז געגנוג, וואָס איך וואַלגער זיך אַרום. דו דאַרפסט זיין לעבן איר און זי אויפמונטערן, דערפרייען זי, זי זאָל נישט דאגהן אָן אויפהער.

דאַדיק האָט אַ געגעין געטון, געגעבן אַ קרעכן און אַנטשלאָפן געוואָרן.

אורי האָט פאַרביסן די אונטערשטע ליפ, פאַרקוועטשט די פויסטן און באַשלאָסן: איך וועל פאָרן, און איר טוט אייך, וואָס איר ווילט. ס'וועט אייך גאָרנישט העלפן!

נאָך אָט דעם באַשלוס האָט ער זיך באַרואיקט, איינגעקנוילט ווי אַ פּילקע, פאַרטראַכט זיך, צי ס'איז כדאי מיטטיילן זיין סוד דער באַליאַסטרע. אָבער דערנאָך האָט ער באַשלאָסן, אַז ס'וועט אויף איר מאַכן אַ גרעסערן איינדרוק, ווען זי וועט דאָס אַליין הערן, ווען ער וועט צוריקקומען... עס איז אים נאָך איינגעפאַלן, אַז מעגלעך וועט ער פאַרוואונדעט ווערן, קומען אַהיים מיט אַ גרויסן באַנדאַזש אויפן פוס, צי אויפן אָרעם. און אַזוי, וועגנדיק די ביידע מעגלעכקייטן, איז אורי איינגעשלאָפן.



עס איז נאָך געווען שטאָק פינצטער בעת עמיצער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. אורי האָט זיך אויפגעכאַפּט און געזען, אַז דאַדיק טוט זיך אָן אויף דער גיך, נעמט זיין רענצל און גייט צו צו זיין בעטל:

— אורי, — האָט ער אַ שעפּטשע געטון.

— יאָ, דאַדיק!

— איז — איך פאָר ווידער. כ'וויים נישט, ווען כ'וועל זיין צוריק.

צו אורים גרויסער פאַרוואונדערונג האָט זיך דאַדיק איינגעבויגן איבער אים און אים אַ קוש געטון אין שטערן.

— האַלט זיך פעסט, בהורל, און היט די מאַמע. האָט ער אַ בורטשע געגעבן, און אורין האָט זיך געדאַכט, אַז דאַדיק איז עטוואָס צערודערט, אויפגערעגט.



יידישע בחורים — נעכטן ביים פלוג און אקער, היינט — מיט ביקסן,
באפרייען פון שונאס הענט די שטעט פון ישראל



צוויי חלוצים פון עמק־יזרעאל, פריער צוזאמען ביים בויען
און איצט ביים פארטיידיקן זייער היים

אורי האָט דעם ברודערס קאָפּ אַרייַנגענומען אין זייַנע פּעמ־טע ברויַנע הענטלעך און פּלוצים זיך אָנגענומען מיט מוט:

— דאָדיק, וואַרט אַ ווײַלע, איך וועל דיך באַגלייטן.

אָבער דאָדיק האָט זיך שוין אויסגעגלייכט, געשטאַנען פאַר אים אַ הויכער, אַ לאַבנדיקער.

— וואָס דיר קאָן אײַנפאַלן! שלאָף בעסער.

— דאָדיק, בלויז ביזן אויטאָ... האָט אורי צעצויגן זיין שטי־מע און זיך געבעטן.

— נו, איז שפּרינג אַרויס פון בעט, מענטש! און גיכער, מען וואַרט אויף מיר! — האָט אים דאָדיק אַ טרייסל געטון ביים אַקסל.

...די גאַס איז געווען שטיל. די שוואַרצקייט פון די הימלען האָט זיך ווי טינט צעגאָסן איבער די הייזער, איבער דעם שאָסיי און טראָטואַר. אין ווינקל איז געשטאַנען אַ מאָטאָציקל, אויף וועלכן עס איז געזעסן אָנגעשפּאַרט עפּעס אַ יונגערמאַן מיט אַ שאַליק אַרום דעם קאָפּ.

— וואָס איז דאָס, דאָדיק? — האָט ער געפרעגט, אָנווייזנדיק אויף אורין.

— מיין ברודערל.

באַלד זענען אַלע דריי געפלויגן ממש איבער די ליידיקע, שטומע גאַסן.



...די שיירה איז שוין געווען גרייט. אָנגעלאָדענע לאַסט־אוי־טאָס, געפּאַנצערטע פּאַסאַזשיר־אויטאָמאָבילן און דריי געפּאַנ־צערטע אויטאָס פון די באַגלייטערס.

— דו און דיינע חברים פאָרן אין די קליינע גרויע אויטאָס?

— האָט אורי געפרעגט.

— ווי אַ מאָל.

כאָטש עס איז נאָך געווען פארטאָג, איז די סטאַציע שוין גע-
ווען וואַך. מענטשן האָבן זיך אַרומגעיאָגט הין און צוריק, לאָמפּן
האָבן געברענט, אויטאָס האָבן געביטן זייער פּאָזיציע. דערנאָך
האָט מען צונויפגערופן די באַגלייטערס — אַלין יונגע חברה —
בחורים און מיידלעך, מיט ביקסן אין די הענט און גראַנאַטן אין
די גאַרטלען, געגעבן זיי די לעצטע פאַראָרדענונגען.

— ווי פאַרסטו, דאָדיק? — האָט אורי, עטוואָס צעמישט, גע-
פרעגט. פּלוצים האָט ער זיך דערפילט קליין, איבעריק.

— אין אָט דעם פּאַסאַזשיר-אויטאָ, — האָט דאָדיק אָנגע-
וויזן.

— בלויז דו?

— ניין, נאָך אַ מיידל.

— נו, און איצט — הענדום פּענדום, אהיים! די מאַמע וועט
זיך אויפוועקן און דיך נישט געפינען. דאָדיק האָט אורין אַ שטויס
געטון וויליונגעריש און אַליין אַריינגעשפּרונגען אין דעם אויטאָ,
וועלכער איז געווען אָנגעפּאַקט מיט מענטשן, אָנגעלאָדן מיט וואַ-
ליזקעס, זעק און פּעק.

בלויז אַ מינוט איז אורי געבליבן שטיין, נישט וויסנדיק וואָס
צו טון מיט זיך. באַלד אָבער האָט ער זיך געכאַפּט, אַז דער קאָנ-
וואָי רירט פון אָרט. פלינק ווי אַ קאַץ איז ער דורך דער הינטער-
שטער טיר אַריינגעשפּרונגען נאָך דאָדיקן. און איידער וואָס-
ווען, איז ער שוין געלעגן פאַרבאַהאַלטן הינטער דעם באַגאַזש.



ווי לאַנג זיי זענען געפאָרן האָט אורי נישט געוווּסט. מען קען
אפילו, אַז ער איז איינגעדרעמלט געוואָרן, טראַכטנדיק, אַז דער
גאַנצער ענין איז געווען איבעריק, אַז אַס, אַס, גאָרנישט פּאַסירט
נישט. אבי ער האָט דאָס זיכער אָנגעמאַכט אַ גערודער אין דער
היים.

אבער פלוצים... טררר. טררראך. טררר. — ער האט זיך אויפ־געטרייסלט.

— ווײ, וואס פאר א שיסעריי! דער קנאל פון די שאסן, דער פייף פון די קוילן, און באלד זייער אויפרייס. פון אלע זייטן מיט אמאל. אורי אליין האט געקאנט אונטערשיידן די פארשיידענע מינים געווער, פון וועלכע מען האט געשאסן. דאדיק האט עס אים אמאל געלערנט, ווי אונטערצושיידן.

און דא — דער אויטא איז גאר געבליבן שטיין... מען הייסט אלעמען אראפשפרינגען און זיך באהאלטן אין דעם גראבן לעבן שאסיי.

א פרוי יאמערט. עמעצער קרעכצט. די שטימע פון דעם קא־מאנדיר לאזט זיך הערן פון דרויסן.

און דאדיק? ווו איז דאדיק?

אורי איז ארויסגעקראכן פון אונטער די פעק און דערזען, אז ער איז איינער אליין אין אויטא. נאר, ניין... דאדיק! — האט ער אויסגערופן, דערזעענדיק דעם ברודער זיינעם, ווי ער ליגט מיטן פנים אראפ לעבן דעם פענצטער פון שאפער.

דאדיק האט דעם קאפ אויפגעהויבן. ער האט זיך אפילו נישט פארוואונדערט, זעענדיק אורין.

— זיי האבן באוויזן אריין אין אנדערע אויטאס?

אורי האט ארויסגעקוקט דורך דער צעפראלטער טיר. קיי־נער איז נישט געווען אין דרויסן. פארוים האט זיך דער קאנוואי ווייטער געצויגן. עס איז נאך געווען האלב פינצטער, און די שי־סעריי איז באגלייט געווען מיט פייער.

— ווו זענען זיי אלע? — האט אורי געפרעגט, — פארוואס האבן זיי אונדז דא געלאזט?

— זיי זענען דא, ארום... דאדיק האט זיך באטיט אויפהויבן. נישט געקאנט.

— ביי מיר אין קעשענע — אַ באַנדאַזש...

אורין האָט מען נישט געדאַרפט זאָגן אַ צווייט מאָל. אַראָפּגע־ריסן דאַדיקס העמדל און גענומען פאַרבינדן דעם צעבלוטיקטן אַקסל. אין דרויסן איז געוואָרן ליכטיקער. איצט האָט אורי געזען חברה, ווי זיי ליגן הינטער פעלדזן אוןביימער לעבן שאָסיי.

— אַך, האָבן זיי דאָס געשאָסן, — איז אורי נתפעל געוואָרן.

און דאָ האָט ער דערזען זיי, די אַראַבער. צענדליקער, צענד־ליקער. און איין גרופּע זייערע — פון דער זייט — דערנענטערט זיך... נענטער... נאָך נענטער. און וואָס שלעפּן זיי דאָרט, צוויי זייערע? — אורי האָט דערפילט, אַז דאָס האַרץ פאַלט אים איין: אַ ברען! אַך, אויב זיי וועלן אים אַזוי נאָענט אַוועקשטעלן, וועלן זיי דאָך אונדזער חברה ממש אַרומשערן!

ער האָט געוואָרפן אַ בליק צו דאַדיקן. יענער איז געלעגן מיט פאַרזשמורעטע אויגן. די ליפּן פאַרביסן. בלייך ווי קרייד. פון דרויסן האָט ער דערהערט:

— זיי רינגלען אונדז אַרום. צוריקציען זיך צו מזרח צו! נישט דערוויטערן זיך פון שאָסיי!

— און דאַדיק? — האָט אורי דערהערט אַ פראַגע. און באַלד איז געקומען דער ענטפער:

— מען קאָן אים איצט נישט אַרויסנעמען!

אורי איז צוגעשפּרונגען צום הינטערשטן טירל. נישט ווייט, אָן אַכצן מעטער פון זיי, זענען געווען די אַראַבער.

— אורי... האָט ער דערהערט דאַדיקס שוואַכע שטימע. נעם די גראַנאַטן, אורי...

אורי האָט אַנגענומען אין זיין האַנט דעם קאַלטן אייזן.
— וואָרפן? ער איז געווען רואיק, זיכער ביי זיך.
— וואָרף... דאַדיק האָט מיט ציטערנדיקע פינגער אַרויסגע־ריסן דעם פאַרדרייטן דראָט פון אויבן.

— איצט! האט ער אויסגערופן.

אורי האט אפילו נישט געטראכט איין מאל איידער ער האט מיט דעם גאנצן כוח א שליידער געטון דעם גראנאט. און באלד — דעם צווייטן.

⁂

...ער האט געהערט, ווי עמעצער רעדט:

— בעת ער האט געווארפן דעם גראנאט, האט אים די קויל געטראפן.

— יא, ער וועט אין גיכן געזונט און שטארק זיין.

— און ווען נישט אט דער יאט...

אורי האט געפילט א שטארקן ווייטיק. אין אים האט עס געברענט, געשטאכן, געצויגן. ער האט די אויגן געעפנט. לעבן אים איז געזעסן די מאמע און א ווייסער דאקטער, אין א ווייסן פארטעך.

— נו, ווי פילסטו זיך? — האט זיך דער דאקטאר צע־שמייכלט.

— וו: איז דאדיק? — האט אורי געפרעגט.

— ששש... ער שלאפט, האט די מאמע געשעפטשעט און זיין האנט געגלעט.

דאדיק איז געלעגן אין צווייטן בעט. די שווארצע האר אי־בערן שטערן און די אויגן צוגעמאכט. ער האט רואיק געאטעמט.

פון זיין אנדערער זייט איז געשטאנען עפעס א הויכער בחור מיט לאכנדיקע אויגן און אן ערנסט פנים. אורי האט אים קיינמאל נישט געזען, אבער ווי נאר יענער האט גענומען רעדן, האט ער אים, לויט זיין שטימע, דערקענט — דער קאמאנדיר!

— דו, בהורל, האסט א גרויסע ארבעט געטון. ווען דו לייגסט

זיי נישט אוועק, וואלטן ווער ווייסט, וויפל פון אונדזערע געפאלן. און אזוי האבן זיי באוויזן זיך צונויפזאמלען און געבן דעם שונא דעם אמתן קלאפ. און דאס איז פאר דיר — פון אונדזער קאמפאניע!

אורי האט געזען, ווי דער בחור לייגט אנידער אויף דעם שענקל לעבן זיין בעט א שאבריע, א קרומע שווערד מיט א היל־צערנעם הענטל, מיט א לעדערנעם שייד. און א סמל, א צייכן, ווי אלע זייערע חברה טראגן: אזא אויטא מיט פליגל...

— ווען מיין כאליאסטרע'זעט דאס, — האט אורי צו זיך א מורמל געטון.

ער האט זיך אומגעקוקט. א גרויסער זאל. און א סך, א סך הייסע בעטן, אין וועלכע עס ליגן א סך, א סך פארוואונדעטע חברה. און ער — דער איינציקער קליינער פארשוין...

פלוצים האט ער באמערקט, ווי הויך, אויף א צווייג פון דעם בוים, וואס לעבן פענצטער, שאקלט זיך א בלאנד קעפל, זיין חבר נוח... און אט, נאך איינער, און נאך איינער... זיי שמייכלען צו אים, און איינער מאכט מיטן פינגער, אז ששששא, מען טאר נישט היסן, אז זיי זענען דא.

אורי האט זיך צעשמייכלט. די מאמע האט א קאלטע האנט ארויפגעלייגט אויף זיין גליענדיקן שטערן, און עס איז געווען שטיל און גוט.

אורי איז'איינגעשלאפן.



צום אָנדענק אונדזער אלטיטשקן גאָגן

# דאָס צעריסענע אויערל פון דעם ירושלימער הינטעלע



— פון וואנען קומט צו גאָגן, דעם געלן הינטעלע מיט די לאכנדיקע אויגן, א דורכגעלעכערט אויערל? —

— איז די מעשה געווען אזא... עס איז געווען אין דער צייט פון דער גרויסער באלאגערונג אויף ירושלים. פיינטלעכע באָמבעס זענען געפאלן אן אויפהער. אמוניציע האָט ביי די פארטיידיקער אויסגעפעלט. עסנווארג און וואסער איז אין שטאָט נישט געווען, און יונגע חברה איז געווען צעווארפן איבער די פראָנט־ליניעס — און אזעלכע זענען געווען פילע — די גאנצע שטאָט איז געווען א שלאכטפעלד...

האָט אויך ביי דעם הינטעלע גאָג אינדערהיים געהערשט הונגער און דארשט, און שימעק, דער עלטערער זון, איז געווען ערגעץ ווו אין מיליטער...

די מעשה האָט זיך אנגעהויבן איין מאָל צו מיטאָג צו, בעת די גאנצע משפחה האָט זיך צום טיש געזעצט. גאָג איז געשטאַנען לעבן דער מאמען און האָט צו איר אויפגעהויבן א פאָר אומעטיקע ברוינע אויגן מיט א בעטנדיקן בליק. אבער די מאמע, ווייזט אויס, האָט אן אים באַר אינגאנצן פארגעסן זי האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף אים. — דערלאנגט די קינדער זייער חלק, און זיך אליין גענומען עסן.

גאָג איז געווארן אומגעדולדיק. ער האָט אויפגעהויבן איין אויער און פארקניימשט די נאָז.

— וואָס האָט דאָס לעצטנס פאסירט אין דער היים? אמאָל

פלעגט מען אים גלעטן, האלדון, זיך שפילן מיט אים און טיילן אים פון אלדאס בעסטע; און דא — ווי מען האלט אים גארנישט געקענט! ווי ער וואלט דא געווען עפעס א פרעמדער! מערער נאך — ווען ער גייט צו צו עמעצן, רוקט זיך יענער אפ פון אים, דרייט אוועק דעם קאפ און וויל אים אפילו נישט אנקוקן!... איז מילא — אלע! אבער די מאמע?... דווקא די מאמע, וועלבע האט אים שטענדיק אזוי געריניקט און געפוצט, קיינמאל אן זיין טעלער מילך נישט פארגעסן — וואס איז דאס מיט איר געשען?

גאג האט זיך אנגעקוקט, און עס איז אים געווארן גאר־גאר קאלעמוטנע אויפן הארצן: א שמוציקער, די פעל א מאטע, און אויסגעקראכענע, און אזא מאגערער, נעבעך, אז אלע ביינער שטארצן ארויס...

און דא לאזט מען ממש נישט לעבן! — אינדרויסן — כמעט וואס מען זעט נישט קיין לעבעדיקן נפש. און נאר מע טראסקעט, און נאר מע קלאפט. אז די ביינער ציטערן — א מורא אין גאס זיך צו באווייזן!

אבער דער הונגער האט גאגן נישט געלאזט זיך פארטיפן אין געדאנקען. ער האט זיך פון ארט אויפגעהויבן און מיט קליינ־טשינקע, נישט זיכערע טריט זיך ווידער דערנענטערט צו דער מא־מען, א לאנגן אומעטיקן א־אוי! ארויסגעלאזט און מיט דער לאפע זי לייכט־לייכט אין קני אנגערירט.

די מאמע — גאר ווי אן אנדערע מאמע, האט זיך דאס א כאפ געטון, פון ארט אויפגעשפרונגען, פון צימער אים ארויסגע־יאגט — און אליין זיך מיט ביטערע טרערן פארגאסן.

— איך קען דאס נישט אויסהאלטן. איך קען נישט! — האט זי געכליפעט, און גאג האט נישט געקענט באנעמען: יואס אזוינס האט ער דא געטון? פארוואס וויינט די מאמע?!

*
* *

איז ער געלעגן, גאג, אויף דער שוועל, אנגעשפארט דעם קאפ אויף זיינע פאדערשטע לאפקעס, און ביטער געוויינט, בי־טער, ביטער געיאמערט. ווי ער וויינט און יאמערט אזוי ביטער, זייער ביטער, הערט ער א שטימע, אזא גוטע, פריינטלעכע שטי־





טאטע און זון — צוויי דורות
ייִדן פֿון ישׂראל, ביידע
קעמפֿן, אויסלייזנדיק די ערד
פֿון אונדזערע אבות

מע — „העי, וואָס ווייסטו עפּעס, גאָג?״ האָט גאָג דעם קאָפּ אויפגעהויבן און זיך אָנגעטראָפן מיט שימעקס פרייליכע אויגן. איז אים געוואָרן נאָך ערגער, גאָגן: וואָס האָט ער גאָר אַזעלכע פריילעכע אויגן, שימעק? — און גאָג האָט פונדאַסניי גענומען קלאָגן.

שימעק איז אַריין אין שטוב, און דאָרט איז ערשט געוואָרן די אמתע שמחה.

— שימעק, שימעק! האָבן זיך די קליינע ברידער און שוועסטער דערפרייט.

— שימקעלע! האָט אים די מאַמע געהאַלדזט און געקושט.

— שמעון! האָט אים דער טאַטע אַ ברייטן „שלום עליכם״ דערלאַנגט.

האָבן זיך אַלע צונויפגעזאַמלט, די מאַמע האָט פאַרבאָרגן אַ טרער, — פאַרוואָס זי קען דעם זון ריכטיק נישט מכבד זיין — דעם זון, וועלכער פאַלט אַריין אַהיים אויף אַ פּאָר שעה, גלייך פון שלאַכטפעלד. האָט דער טאַטע גענומען אויספרעגן, וואָס אַזוינס עס הערט זיך דאָרט, אויף די פאָדערשטע ליניעס, ווי האַלט זיך די חברה, און ווי דער שונא פירט זיך אויף, און וואָס מאַכט דער און יענער... און... און — צי איז שוין אפשר פאַראַן כאָטש עפּעס אַ האָפענונג צו עפענען פונדאַסניי דעם וועג קיין תל־אביב און צעשטערן די באַלאַגערונג? —

שמייכלען שימעקס קלוגע אויגן — ער ווייסט, אַז אינגיכן וועט שוין פאַרטיק זיין דער נייער וועג, וועלכן מען בויט איצט אַזוי, אַז דער שונא זאָל אים נישט קענען צעשטערן, און זעלנער, מיט פרישע כחות זאָלן קענען אָנקומען אין דער באַלאַגערטער ירושלים אַריין, און עסן, וואָסער און אַמוניציע... אָבער רעדן דערפון טאָר מען נאָך דערווייליע נישט. שמייכלט ער בלויז, שימעק. עס טוט אים שטאַרק הנאה, וואָס ער ווייסט דאָס טאַקע, און אַז נאָך די נאַכט גייען זיי אַרויס, ער און זיין גרופּע, פאַרנעמען נאָך אַיין בערגל, וואָס איז אין די אַראַבישע הענט און פאַרשטעלט דעם נייעם וועג... פרייט עס שימעקן, אַז אפשר נאָך מאָרגן, טאָקע מאָרגן, וועלן זיך טאַטע־מאַמע דערוויסן דערפון און עס וועט

זיי הנאה טון, און זיי וועלן זיך כלומרשט ברוגזן אויף אים, חלמאי ער האט זיי נישט דערציילט...

אבער דא דערהערט שימעק, ווי גאג יאמערט נאך אלץ אויף דער שוועל. ווערט ער שוין זייער נייגעריק און פרעגט זיך אוים, וואס אזוינס האט פאסירט.

— ווײנט די מאמע. לאזן די קינדער אראפ די קעפ און דער טאטע דערציילט, אז קיין עסן איז נישטא — קוים קריגט מען עפעס פאר די קינדער. איז עס הונגעריק, דאס הינטעלע. און קיין וואסער איז נישטא, — קוים־קוים פאר די קינדער דאס מויל איינצונעצן — איז עס שטוציק און אפילו דארשטיק... דאס הינטל, וויינט דאס...

***

יענעם פארנאכט איז שימעק צוריקגעגאנגען צו זיין חברה נישט אליין. נאר מיט א באגלייטער — א געל הינטעלע מיט א שווארץ. פייכט נעזל...

האט זיך גאג געפילט זייער וויכטיק, ארויסגייענדיק ביינארט מיט דער גרופע. ער האט קיין פיפס נישט ארויסגעלאזט, ווייל שימעק האט אים באפוילן, אז — שא, שטיל זאל זיין. — ווארפט ער נאר זיינע פיר ווייסע לאפקעס, שאקלט מיט די אויערן און איז פריילעך — די חברה האט אים געגעבן עסן, טרינקען, אים געגלעטט און זיך געפרייט מיט אים...

— איצט גייט ער צוזאמען מיט זיי — און די נאכט איז פינצטער. קיין לבנה שיינט נישט. דער ווינט פייפט און בלאזט... גייען די חברה — איינער נאכן אנדערן. איינער נאכן אנדערן, מיט ביקסן איז די הענט. מיט מאשין־געווער אפילו. און ער, גאג טאנצט און שפרינגט אז דער זייט. לעבן שימקען — און עס איז אים גוט. וואס ער גייט מיט זיי מיט — און שא, שטיל...

אבער אזוי פלוצים איז געווארן אוים שטיל. די שווארצקייט פון הימל איז צעשניטן געווארן דורך צענדליקער פייערדיקע ראקעטעס. שאסן האבן געקנאלט און אראבישע קולות האבן גע־געוואלדעוועט.

האָט זיך חברה באַלד צעליגט אין אַ ראָד — הינטער שטיינער און פעלדזן — און מען האָט דאָס געטומען שפּילן אויף דעם מאַשין־געווער, אויף די ביקסן! — ניין, ניין, זיי וועלן זיך שעמען!

אָבער די אַראַבער האָבן זיך גענומען זאַמלען פון אַלע ריכטונגען, פון אַלע זייטן, נאָך און נאָך, אין די הונדערטער... אין חברה איז געוואָרן ווייניק, די אַמוניציע האָט גענומען אויסגיין, און דאָ זענען שוין פאַראַן עטלעכע פאַרוואונדעטע, און קיין הילף קען מען זיי נישט דערלאַנגען — און קיין וועג צוריק איז נישטאָ...

פּאַלט שימעקן איין, אַז אַלץ איז שוין פאַרפאַלן. אַז זיי אַלע וועט מען דאָ אויסהרגענען, און מאָרגן וועט קיין קאָנוואָי פון תל־אביב קיין ירושלים נישט אָנקומען... און ווייטער וועט אין שטאָט זיין הונגער און דאָרשט...

— ווי ער טראַכט דאָס אַזוי ביטער וועגן דעם, צילנדיק אין די שוואַרצע סילועטן, וועלכע דערנענטערן זיך נאָכאַנאַנד, האָט ער זיך דערמאָנט — גאָג!...

***

— — — איז גאָג געלאָפן שנעל־שנעל צווישן פעלדזן, צווישן דערנער, מיטן צעטעלע אין מויל. עס האָט אים געצויגן צוריק, — ס'האָט זיך נישט געוואָלט איבערלאָזן דאָרט שימקען. אָבער ער האָט געאײַלט וואָס גיכער אַהיים, און אין די אויערן האָבן אָפּגעהילכט דאָס קנאַקן פון די פליענדיקע קוילן...

עס האָט אים שטאַרק ווי געטון דער קאָפּ. שטאַרק ווי געטון. ער האָט געפילט אַזאַ וואַרעמע פײַכטקייט אַרום האַלדז און געשפּירט דעם ריח פון בלוט. געוואָלט זיך צעוויינען, אָבער ער האָט געדענקט שימעקס באַפעל: אַהיים, שנעל!

און ער איז ווייטער געלאָפן...

— — — אינדערהיים איז געוואָרן אַ גערודער. דער טאַטע האָט געכאַפּט דאָס צעטעלע, און ווי אַ וויכער זיך פון דער היים אַ לאָז געטון. גאָג — נאָך אים.

איז דער טאטע געלאפן און געלאפן. גערעדט דא און דארט, מיט פארשידענע חברה, אלץ יונגע, אויסגעמאטערטע, אויסגע־צערטע, מיט הארטע פנימער און גוטע אויגן. ער האט דאס צע־טעלע דערלאנגט און אויף דעם פארבלוטיקטן הינטעלע אנגעוויזן — איז אויך דארט געווארן א גערודער. מען האט זיך צונויפגע־זאמלט און זיך איבערגעציילט — גענומען געווער, אמוניציע, גראנאטן — און אין וועג זיך געלאזט — צו הילף דער ארומגע־רינגלטער גרופע.

גאג — מיט זיי...

***

...צומארגנס, ווען דער ערשטער קאנוואי פון תל־אביב איז אנגעקומען, נאך דער לאנגער באלאגערונג פון ירושלים, זענען מענטשן געשטאנען אין די גאסן און געוויינט פאר פרייד. האט מען גערופן „הורא״ פאר די חברה, וואס האט די באלאגערונג איבערגעבראכן און געבראכט נײַ לעבן פאר דער אלטער שטאט... זענען מענטשן געשטאנען אויף די גאסן און געזונגען די „התקוה״.

— — — איז זיך גאג געזעסן אין שימעקס שוים, הויך, אויף א געפאנצערטן מאשין, געווארפן דעם קאפ הין און צוריק, גרוי־סנדיק זיך מיט זיין ווייסן באנדאזש אויפן אויערל, וואס אן אראבישע קויל האט דורכגעלעכערט, בעת ער האט זיך געיאגט מיט דעם צעטעלע נאך הילף.

גאג האט פארקנייטשט דאס שווארצע נעזל, געדרייט מיטן ווײַדל און זיך געפרייט — ווייל די מאמע האט אים אויסגעצוואגן, אויסגערייניקט און געגלעט, ווייל די קינדער האבן אים דער־לאנגט עסן, און דער טאטע האט אים א גוטמוטיקן פיצקע געטון, און חברה האט אים מיטגענומען אויבן אן אויף דעם געפאנ־צערטן אויטא.

איז אים געווען גוט, גאגן, אי, ווי גוט!!!

# אויסגאבן פון דער
# צווישא אין ארגענטינע

## ביז איצט דערשינען:

חיים פינקעלשטיין: אנאליטישע לערן־פּראָגראם (פאר א זעקס־קלאַ־
סיקער צוגאב־שול) 1943

100 לידער מיט מוזיק (פאר שול און היים), 1947

שול־בלעטער (אויסגאבע פון דער צווישא פאר שול־פראגן), 6 נומערן

צווישא־ידיעות (אינפאָרמאַטיווער בולעטין פון דער צווישא און
שלום עליכם־שולן), 5 נומערן

## שול ־ ביבליאָטעק:

| | | |
|---|---|---|
| אין געטאָ | העפט | 1 |
| " " | " | 2 |
| יידן אין ארגענטינע | " | 1 |
| ארץ ישראל | " | 1 |
| " " | " | 2 |
| י. ל. פרץ | " | 1 |
| " " | " | 2 |

## דערשיינט אינגיכן:

אין געטאָ — (צווייטע אויפלאגע)

ארץ ישראל — " "

יידן אין ארגענטינע — " "

מאי זרבבל: קליינע העלדן
(אקטועלע מעשהלעך פון ישראל)

קעהאָס קליגער: יינגעלעך פון דער וועלט
(קינדער־לידער)

BIBLIOTECA ESCOLAR

MAY ZERUBAVEL

# PEQUEÑOS HEROES



Editado por la Organización de

Escuelas Laicas Israelitas "ZWISCHO"

ESCUELAS SCHOLEM ALEIJEM

SERRANO 34[illegible]

[illegible] HELMAN [illegible]